# הערצל-בלאט

ארויסגעגעבען אין טאג פון זיין 12-טען יאהרצייט,

כ׳ תמוז, תרע"ו.



## אינהאלט:



פערלאג „מרכז הצעירים", ווארשא.



פרייז 10 פעניג.

**Preis 10 Pfennig.**

# HERZL-BLATT

Herausgegeben zu seinem 12-ten
Todestage: 20 Tamus 5676
(21 Juli 1916.)



Verlag „Merkas Ha'zeirim", Warschau,
Królewska 43.

Geprüft und freigegeben durch die Kais Deutsche Presseabteilung
Warschau, Tagebuch № 386, 17/VII 1916.
Druck. O. Rom, Nowolipie 7.



טעאָדאָר הערצל

1860 — 1904.

# יִזְכּוֹר.

## צו הערצל׳ס יאָהרצייט.

מיט בלייכען שיין צאַנקט־אויף דאָס יאָהרצייט־פייער
און עלענד קלינגט דאָס שטילע יִזכּור־ליד.
א זיסער שלאָף דיר, איינציגער, געטרייער,
דיר, אונזער גרויסער מענש און גרויסער יוד!
נאָך פריהלינג־לופט, נאָך פריהלינג־זון און רעגען
האָט אונזער וויסט און טרוקען פעלד געבענקט, —
דו האָסט די פוילע שנעען פון די וועגען,
דעם שימעל פון די הערצער אָבגעשווענקט,
די האָפנונג אונז, די ליכטיגע, די זיסע,
בעלעבט, בעפרישט, בעלויכטען און בענייט,
פריי עפענען די טהיר פון אונזער תפיסה
איז ניט געקומען נאָך די רעכטע צייט, —
האָסט אין דער וואַנד אונז דורכגעהאַקט אַ פענסטער
צום בלויען הימעל, פעלד, און טייך און בארג;
בעוויזען אונז, פערשקלאַפטע, אז דער קלענסטער
קאָן ווערען גרויס, דער שוואַכסטער — דרייסט און שטארק;
דעם ערשטען אַקער מיט׳ן ערשטען קאָרן
פערזייט, — און פון דער גאַנצער גרויסער וועלט
קומט, טויזענדער און טויזענדער! און יאָהרען
און יאָהרען־לאַנג בעוואַכט, בעשיצט זיין פעלד!
קומט, יונגע לעבענס! קומט מיט נייע קרעפטען,
מיט שטאַרקע אָרעמס און מיט הייסען בלוט —

מיט קאָרן־גאָלד די אַקערס צו בעפעסטען,
מיט ליכט און גליק דאָס אַלטע פאָטער־גוט.
געניסענדיג אין אַרבייט אייער פרייהייט,
אין פריידען אייער אייגען שטיקעל ברויט,
מיט שטאָלץ און מוט, מיט ליעבע און מיט טרייהייט
בעקרענצט זיין לעבען און בעוויינט זיין טויט.
די ווינדען שיועבען און די ווינדען טראָגען
צום אַלטען ירדן זיין בעריעבט געשטאַלט.
די גלות־וועלדער קדיש־יתום זאָגען,
און אָמן ענטפערס זיי דער הערצל־וואַלד...
די אַלטע מאַמע שטעהט ביים יאָהרצייט־פייער,
און איהר געבעט בליהט־אויף אין בלייכען שיין:
„— אַ זיסע רוה דיר, איינציגער, געטרייער,
אַ ליכטיגער גן־עדן זאָל דיר זיין!"..

ש. פרוג,





מאַקס נאָרדוי.

# טעאָדאָר הערצל.

דער איינציגער איז ער געווען.

און איינציג איז ער געווען נישט בלויז מיט זיין יעדער מעלה בעזונדער, נאָר דווקא מיט דער וואונדערבאַרער פערקניפּונג פון אַלע מעלות אין איין פערזאָן.

אַלס דיכטער איז ער נאָך געווען ווייט פון אַ הייניך הײַנע, אַ רעדנער איז ער געווען אַ קנאַפּערער פון אַ דיזראַעל. און זיין פאַנטאַזיע קומט ער נישט צו דער קריסטין עליאָט, אַלס אָרגאַניזאַטאָר האָט ער זיך נישט אויפגעהויבען צו דער מדרגה פון אַ באַראָן הירש — און פונדעסט-וועגן איז ער געווען גרעסער פון יעדען פון זיי בעזונדער, ווייל ביי איהם האָט זיך אַלצדינג צונויפגעטראָפען. און נאָך עפּעס האָט ער פערמאָגט. זיין גייסט האָט איינגעזאַפּט אין זיך די העכערע מערב-אייראָפּייאישע קולטור און זיין האַרץ — זיין האַרץ איז אינגאַנצען געווען איבערגע-געבען די מזרח-יודען, יענע יודען וואָס היטען אָב זייער אַלטע טראַדיציע, ווי דעם שוואַרצאַפּעל פון אויג. ער האָט דאָך פערמאָגט אַ נעפּלינגעלטען פּאָעטישען טאַלענט — האָט ער איהם צוגעשטעלט אַ געטרייען דינער — דעם פערניפּטיגען געלאַסענעם געדאַנק פון אַ פּאָליטישען פיהרער, פון אַ קאַלטבלוטיגען און מיושב'דיגען בעל-חשבון. און אויך דאָס דאַרף מען נישט פערגעסען — ער איז געווען געבענשט מיט אַ פּאָרנעהמען הדרת-פנים און אַ חן האָט געשוועבט איבער אַלע יענע קלייניגקייטען, וואָס שפּיעלען אַזאַ גרויסע ראָליע אין דער פּערזענליכקייט. שען, הויך - גע-וואַקסען און קרעפטיג געבויט; אַנ'איידעלער שטערן פון אַ דענקער, שוואַרצע אויגען פון אַ הערשער, אַ בעצויבערנד שמייכעלע, אַ וואַרעמע, שטאַרקע און ווייט קלינגענדע שטימע. ער איז געבוירען געוואָרען און האָט זיך געהאָדעוועט אין רייכקייט און פון זיין נאַטירליכען שטאָלץ האָט

אַרויסגעשפּראָצט די בעשײַדענהײַט פֿון דער אָרעמקײַט. זײַן אויג איז בעשאַפֿען געװאָרען צו קוקען גלײַך און מוטיג אויף דעם, װאָס רעדט מיט איהם, קײַן נפקה-מינה ניִשט װער — אַ קײסער, אַ קעניג אָדער אַ פּויכסט. זײַן מאַטעריעלע אונאָבהענגיגקײַט האָט אויסגעגליכען זײַן רוקען, װעלכער האָט זיך קײנמאָל ניִשט געבויגען אונטערטעניג און הכנעה׳דיג.

אַ סך טאַלענטען האָט דאָס יודישע פאָלק אַרויסגעגעבען פֿון זיך. אָבער זײ זענען געװען פֿערנומען מיט זיך אַלײן, אָדער דאָס זענען געװען ניִשט מעהר װי שטיקלעך טאַלענטען. מיר האָבען געהאַט אַ הײַנריך הײַנע; האָט ער אָבער געזונגען װעגען ליבע, װעגען טײַך־הײַן, װעגען עולה-לרגל-זײַן צו „אונזער" ליעבער הײליגער פֿון קעװלאַר. מיר האָבען געהאַט אַ יהודה הלוי, האָט זיך אָבער אין האַרמאָנישער ליריק אויסגעשעפּט זײַן גאַנצע יודישע בענקשאַפֿט. דיזראַעלי? ער האָט דאָך גאָר געשאַפֿען דעם ענגלישען אימפּעריאַליזם. מנשה בן ישראל, אָבער זײַנע פלענער האָבען ניִשט געגרײכט װײַטער װי עפֿענען די טויערען פֿון ענגלאַנד פֿאַר יודען. סימסאָן, דער „געבוירענער פּרעזידענט", אָבער ער האָט געפֿונען פֿאַר גלײַכער אָבצוטוּנקען זײַן קערפּער אין װאַסער, אַבי אָנפֿיהרען מיט דײַטשע פֿערזאַמלונגען, מענדעלסאָן, דער אַפּאָסטאָל פֿון דער דער מערב-קולטור, אָבער ער האָט זיך בעצויגען מיט ביטול צו די יודישע טראַדיציאָנעלע װערטען. און אָט האָט דאָס יודישע פאָלק נאָך אַ הפסקה פֿון טויזענדער יאָהרען, געבראַכט אויף דער װעלט אַ מענש, װאָס איז דורך-און-דורך אײראָפּעער, פּונקט װי ער איז אינגאַנצען דורכגעדרונגען פֿונ׳ם יודישען גײַסט, אַ מענש, װאָס טראָגט זיך אַרום מיט װעלט-איבער-קעהרענדע צוקונפֿטס-אידעאַלען און פֿערמאָגט גלײַכצײַטיג אַנ׳אויסגע-צײכענטען היסטאָרישען חוש, אַ דיכטער און פּאָליטישער טהוער פֿאַר׳ יודענטום, אַ פֿיהרער, אַ רעדנער, אַ טרוימער און אַ פּראַקטיקער. פֿאָרזיכטיג און אָבגעהיט דאָרט, װאו ער מעג, דרײסט און מוטיג דאָרט, װאו ער איז געצװאונגען, גרײט אויף אַלע קרבנות, אפילו אויף יכורים, אַזוי לאַנג װי די קרבנות און די לײַדען ערװאַרטען איהם אַלײן, אָבער ער איז באַרמ-הערציג און איז מוחל אָהן אַ שיעור דעם צװײטען, שטאָלץ און פֿאָרנעהם, אָבער בעשײדען און ברידערליך צו אַלע, װאָס זענען װעניגער װערט און שטעהען נידריגער פֿון איהם.

אָט דער מענש איז געװען טעאָדאָר הערצל, און בלויז 44 יאָהר איז ער אַלט געװען, בעת מיר האָבען איהם פֿערלוירען.





פראַנץ אָפּענהײמער.

# אונשטערבליכקייט.

אויף די בערג פֿון גליל איז אויסגעוואַקסען אַ נײַער דור—אַפּשר נאָר דער קערן פֿון אַ נײַ פאָלק: געזונטע, קרעפֿטיגע מענשען. פֿריהער האָבען זײַ אַלע אין גרויסע שטעדט געוואוינט, געווען בעלי-מלאכות, גימנאַזיסטען, סטודענטען, לעהרער, שוואַכע בריות, אויסגעבלייכטע, נערוועזישע, קוים די פֿים געשלעפט. אָבער זײַ האָבען געפֿונען דעם וועג צו דער מוטער-ערד, וועלכע שטאַרקט און דערקוויקט דעם פֿערוואָגעלטען, דעם בלאָנדזשענדען — און אַט קוקט אויף אונז אַרויס אַ בליק פֿון רוהיגע, דרייסטע אויגען און זייער שריט איז פֿעסט און זיכער, ווי דער שריט פֿון אַ לעמפּערט.

מיט מײַנע אויגען האָב איך זײַ בײַ דער אַרבײַט געזעהן. אַרויף און אַראָב איז געפֿלויגען דער גראָב-אײַזען און זייערע הענד זענען ניט מיעד געוואָרען; איך האָב געזעהן ווי זײַ האָבען זיך אַרומגעפֿיהרט אין אַ ברענענדיגען טאָג מיט זייער אַקער-און זײַ-מאַשין; פֿונ'ם שוואַרצליכען שטערן האָבען זיך געקײַקעלט טראָפּענס שווייס. איך האָב געזעהן ווי אין דער שטאָק-פֿינסטערער נאַכט פֿליהען אַרום די שומרים, צוגעוואַקסען צום פֿערד, די רעוואָלווערען אין די הענד און די שווערדען אויף די לענדען; איך האָב געזעהן ווי זײַ האָבען געטריעבען זייערע לײַבען-פֿערד באָדען אין די וואַסערען פֿון ים-כנרת, נאַקעטע, עטמענדיג מיט קראַפֿט, דער שלאַנקער קערפּער ווי פֿון בראָנז געגאָסען, די מוסקולען געשמיער פֿון שטאָל—און מײַן האַרץ האָט געציטערט און איז געוואַקסען פֿאַר פֿרייד. אויב עטליכע יאָהר פֿון ערד-אַרבײַט האָבען בעוויזען אויסצוּוואָרצלען די לעצטע שפּורען פֿון אַ טויזענד-יאָהריגער קנעכטשאַפֿט און שמאַך—טאָ וואָס האָט נאָך כּכוח צו בעווייזען און וואָס פֿאַר געוואַלדיגע צוקונפֿט שטעהט נאָך פֿאָר דער דאָזיגער ראַסע!

און ווי ווערט נאָך אויסזעהן אָט דער דור, וואָס וואַקסט און בליהט אַצינד אין די דערפֿער! איך האָב זײַ געזעהן, די קינדער פֿון די קאָלאָניעס,

דִי קִינדעֶר פֿוּן זוּן אוּן פֿרײַהײַט ; בלִישטשעֶנדעֶ אוֹיגעֶן קוּקעֶן אַרוּים פֿוּן אַ בּרוֹינלִיכֿעֶן געֶזִיכֿט; גלײַכֿעֶ, שטאָלצעֶ קעֶרפּעֶר אוֹיף. שעֶנעֶ נאַקעֶטעֶ פֿיס, וואָס זעֶנעֶן גרייט יעֶדעֶ מִינוּט צוּ שפּרִינגעֶן, צוּ קלעֶטעֶרן. גלײַך ווִי אַ לִיכֿט זעֶנעֶן אָט דִי דאָזִיגעֶ בּוּימעֶלעֶך אַרוֹיסגעֶוואָקסעֶן, ווײַל זײַעֶרעֶ וואָרצלעֶן זוּיגעֶן פֿוּנ׳ם הײמִישעֶן באָדעֶן. דעֶרוּם אִיז עֶס אַ דוֹר פֿוּן פֿ ר ײַ עֶ, אַ דוֹר פֿוּן ה עֶ ר ר עֶ ן, וואָס שפּרײַזעֶן פֿעֶסט אוֹיף ז ײ עֶ ר א ײ ג עֶ נ עֶ, עֶ ר ד. זײ ווײסעֶן נִישט, וואָס אִיז עֶס זִיך בּוּיגעֶן אוּן בּוּקעֶן, אָט דִי דאָזִיגעֶ יוּגעֶנדלִיכֿעֶ דאָרפֿסלײַט. דעֶרפֿאַר אָבעֶר האָבעֶן זײ זִיך אוֹיסגעֶלעֶרנט רײַטעֶן, נאָך אײדעֶר זײ האָבעֶן זִיך געֶלעֶרנט געֶהן, אוּן דאָס קִינדעֶרשעֶ העֶנטעֶל אִיז שוֹין בּעֶצײַטעֶנס צוּגעֶוועֶהנט צוּם רעֶוואָלוועֶר. אִיך האָבּ געֶזעֶהן קִינדעֶר גאַלאָפּירעֶן אוֹיף ווּעגעֶן אוּן שטעֶגעֶן, אוּן בּלוֹיז דִי פֿיסלעֶך שלעֶנגלעֶן אַרוּם דעֶם האַלז פֿוּנ׳ם פֿעֶרד. אוּן עֶס זעֶנעֶן נאָך פֿאַרהאַן אַזעֶלכֿעֶ פֿעֶרשײַטעֶ שטִיפֿעֶר, וואָס לאָזעֶן זִיך אִין אַ וועֶט-געֶיעֶג מִיט׳ן שטאָלצעֶן בּעֶדוּאִינעֶר, דעֶם זוּהן פֿוּנ׳ם מדבר, — קִינסטלעֶר פֿוּנ׳ם פֿײַלעֶנבּוֹיגעֶן אוּן ווִירטוּאָזעֶן פֿוּן רײַטעֶן זעֶנעֶן זײ !

אוּן וואָס אִיז, אוֹיבּ אַ קִינד פֿוּנ׳ם דאָזִיגעֶן דוֹר פֿאַלט אַ קרבּן פֿוּן דעֶר אַראַבּישעֶר בּלוּט-נקמה? — דאָס אִיז דעֶר לעֶבּעֶנס-שִיקזאַל פֿוּנ׳ם קאָלאָנִיסט. דִי געֶבּלִיבּעֶנעֶ זאַמלעֶן נאָך מעֶהר קראַפֿט, אוּם זִיך צוּ בּעֶשִיצעֶן. אוּן וואָס פֿעֶהלט דעֶן דעֶר דאָזִיגעֶר ראַסעֶ, אוֹיבּ נִישט דִי קראַפֿט פֿוּן זעֶלבּסט-שוּץ?

אִין יעֶדעֶן הוֹיז, וואוּ מײַן פֿוּס האָט נאָר אַרִיבּעֶרגעֶטראָגעֶן דעֶם שוועֶל, העֶנגט דאָס בּילד פֿוּן ט עֶ אָ ד אָ ר ה עֶ ר צ ל, דעֶר נִישט-געֶקרוֹינטעֶר מלך פֿוּנ׳ם דאָזִיגעֶן נײַ-געֶבּוֹירעֶנעֶם פֿאָלק, דעֶר מלך, וואָס האָט אִין אִיהם געֶוועֶקט דעֶם ווִילעֶן געֶבּוֹידעֶן צוּ וועֶרעֶן, אַנטפּלעֶקט צוּ וועֶרעֶן, דעֶר מלך, וואָס אִיז געֶשטאָרבּעֶן; פֿאַר׳ן פֿאָלק אוּן לעֶבּט עד-היוֹם פֿאַר אִיהם, עֶר לעֶבּט אוּן בּעֶפֿרוּכֿטעֶט דעֶם גײַסט פֿוּן פֿאָלק, דִיעֶנט אִיהם אַלס מוּסטעֶר פֿוּן אַ העֶרלִיכֿעֶר אוּן געֶוואַלדִיגעֶר פּעֶרזעֶנלִיכֿקײַט.

פֿיעֶל בּלוּמעֶן, פֿאַרבּעֶנרײַכֿעֶ, שמעֶקעֶדִיגעֶ, וואַקסעֶן אוֹיף דִי גרִינעֶ בּעֶרג פֿוּן גליל—דִי שעֶנסטעֶ בּלוּמעֶן בּעֶפּוּצעֶן דעֶם קבר פֿוּן יעֶנעֶם, וואָס וועֶט קײנמאָל נִישט פֿעֶרגעֶסעֶן וועֶרעֶן, נִישט פֿעֶרלוֹירעֶן וועֶרעֶן...



נחום סאָקאָלאָוו.

# הערצל.

היינט האָבען מיר ווידער דעם יאָהרצייט, דעם טאָג, ווען ביי אונז איז אַוועקגערויבט געוואָרען דער גרעסטער פון אונזער דור: טעאָדאָר הערצל.

דערצעהלען, וואָס ער האָט געשאַפען? שילדערן, וואָס דער טויט האָט ביי אונז אַוועקגענומען? איך ווייס נישט, אויב די אָרימע פעדער וועט עס בכוח זיין, אויב אפילו די פאַנטאַזיע וועט עס קאָנען בעווייזען. כ'וועל פרובען.

מיט הערצל'ס טויט זענען טויזענדער הערצער אָבגעשטאָרבען; מיט דער מינוט, ווען זיין לעבענס-ליכט איז געוואָרען פערלאָשען, זענען אויך פינסטער געוואָרען טויזענדער ליכט פון אַנדערע לעבענס. ווען דער שטורם האָט צובראָכען דעם זעגעל-בוים פון אונזער שיף, זענען מיר געבליבען אין מיטען גרויסען ים און קיין כוח אַליין ווייטער צו שווימען האָבען מיר נישט געהאַט.

מיר זענען אַלע געבליבען עלענד, פעריתומ'ט. עס איז נישט געווען קיין איינציג הארץ אין אונזער פאָלק, וואָס זאָל נישט געהערן דעם דאָזיגען פאָטער אונזערן. נישט בלויז די אָרימע, הונגעריגע, ליידענדע, פערוואָגעלטע, נאָר דאָס גאַנצע פאָלק, דאָס דאָזיגע קליינע פאָלק, וואָס איז פערבליבען פון אַמאָליגען, אור-אַלטען ישראל, האָט אַרויפגעוואָרפען אויף די פלייצעס פון זיין אויסדערוועהלטען זוהן זיין גאַנצען ליידענס-פאַק, זיין ביטערקייטס-באַגאַזש, דעם זאַק מיט בלוטיגע טרעהרען אָנגעפילט.

די הערליכקייטס-שטראַהלען, וואָס האָבען פון זיין געזיכט געלויכטען; דער חן, וואָס איז אויף איהם אויסגעגאָסען געווען; די ריינקייט און גרויס-קייט פון זיינע מעשים; זיין שטייגער צו רעדען, וואָס האָט אין זיך פער-איינינט קינדער'שע תמימות מיט חכמה פון זקנים; די מאַיעסטעטישע רוהיגקייט פונ'ם פעסטען בטחון זיינעם, ווי אַ נ'אָרון-הקודש, אין וועלכען עס ליגען די לוחות און די שברי-לוחות — די גרויסע צוקונפטס-האָפנונגען און די נישט-דערפילטע האָפנונגען, זיין מאַכט, נישט די מאַכט פון אַ מושל, נאָר אַ מאַכט פון אַ דיכטער-קעניג.

א פֿיהרער פֿון זײַן פֿאָלק;

אַ בעצווינגער פֿון הערצער — אָט אין וואָס ס׳איז בעשטאַנען זײַן גרויסקײַט, הערליכקײַט און פּראַכט, אָט וואָס ס׳איז געווען די גאַראַנטיע פֿון זײַן נצחון!

דאָס איז דער מענש!

אָט איז דער, וועלכען מ׳קאָן אָנרופֿען;

גרויסער מאַן!

אַ גרופּע פֿאַר זיך אַליין זענען די „גרויסע מענשען" אין דער וועלט-געשיכטע. די מענשהײַט שטרעבט זיך אַליין אַריבערצוואַקסען, שאַפֿען זאַכען, וועלכע לאָזען זיך נישט מעסטען מיט דער מאָס פֿון דער אַלטעגליכקײַט.

און שוין הונדערטער, טויזענדער יאָהרען ווערען געקרוינט מיט דעם נאָמען „גרויסע" יענע העלדען, וואָס הויבען זיך אויף העכער פֿון זייער דור מיט זייער קראַפֿט, מוטיגקײַט, דרייסטקײַט, קלוגקײַט, אָדער — יענע, וואָס האָבען בעוויזען אומצוואַנדלען דאָס פֿאָלק אין „אַ נול, אום זיך אַליין אַוועקצושטעלען אַלס ציפֿער פֿאַר דער דאָזיגער נול.

אָט אַזוי האָבען זיך דער גרעסטער טייל פֿון „גרויסע" און העלדען געקויפֿט אַן אייביגען נאָמען אויף די שלאַכט-פֿעלדער, און עס האָט זיך גערעכט, אַז דער נאָמען וועט באמת קיינמאָל נישט אויסגעמעקט ווערען.

ווען מיר בלעטערן דורך די וועלט-געשיכטע, זעהען מיר, ווי עס חזר׳ן זיך איבער שטענדיג, אַלס פֿערגליוועריטע שטיקער היסטאָריע, די נעמען פֿון מענשען, וואָס דער צופֿאַל אָדער די געבורט אַליין האָבען זיי געמאַכט פֿאַר הערשער, ה. ה. פֿאַר ציפֿער פֿון דער נול.

און אָט איז געקומען אַן איבערראַשונג פֿון די ווערטען: דער שאַר פֿער גײַסט פֿון קריטיק האָט זיך נישט אָבגעשטעלט אפילו פֿאַר יענע שפּרובען, וועלכע מען האָט געהאַלטען פֿאַר אייביג-דויערנדע.

אָט דער גײַסט האָט ענטפּלעקט דעם תוך און דעם מהות פֿון די-דאָזיגע „גרויסע", האָט אָבגעטיילט דעם אמת פֿון דער גוזמא, דאָס אמת׳ע ליכט פֿון דעם פֿאַלשען שײַן, די קערנדיגע העלדישע אייגענשאַפֿטען פֿון דעם פֿאָראיבערגעהענדען, אויפֿבליצענדען גלאַנץ, וואָס אָט לײַכט ער און אָט ווערט ער אויסגעלאָשען.

די נײַע דורות האָבען געבוירען נײַע פֿראַגען, און די פֿראַגען האָבען געשאַפֿען נײַע קרעפֿטען, וואָס זענען מסוגל זיי צו לעזען.

די דורות בעזאָרגען זיך אַליין מיט גאונים, וואָס זענען בערופֿען צו פֿונאַנדערוויקלען דעם קנויל פֿון שמערצליכע פֿראַגען, וואָס זענען פֿער-פּלאָנטערט געוואָרען אין דעם תהום פֿון מענשליכע טעותים און פֿער-בלענדענישען.

די קריטיק פון דעם נייעם דור האט אויך נישט געשוינט די ווירקלעכקייט פון די „העלדען", און עס טרעפט, אז דער דאזיגער גייסט איז ניט־בירחמנות׳דיג און ער גיט ארויס א פסק־דין אונטערצוגראבען און צו צושטערען, אויסצוווארצלען און צו מאכען א תל פון די קאנווענציאנעלע טויזענד־יעהריגע ווערטען.

ער מהיט עס נישט צוליעב א תאוה פון צושטערען, נאר כדי אפצורוימען דעם פלאץ פאר נייע העלדען, פאר נייע גרויסע מענשען, וועלכע זענען ראוי צו פערנעהמען דעם אויבענאן, ווארום אז מיר קוקען זיך צו גוט צו א סך פון די וועלט־העלדען געפינען מיר צווישען זיי ווילסטע ברואים, עקעלהאפטע פרצופים, אין וועלכע ס׳שפיגעלט זיך אב די גייסטיגע און מאטעריעלע נידעריגקייט פון זייער צייט.

זיי אלע פערמאגען נישט קיין עקזיסטענץ־בערעכטיגונג פאר זיך אליין, שאפען נישט קיין קולטורעלע ווערטען, נאר ציהען זייער יניקה פון אומגליק, פון חורבן און איבערקעהרעניש.

וואס זענען דען די העלדען פונ׳ם אלטען גריכיש־רוימישען עפאס? זענען זיי דען נישט די פערקערפערונג פון זינד, פון גראבער קראפט און גרויזאמקייט? אלע די, וואס האבען געפיהרט צו דער שחיטה אהן א שיעור מענשען־מענשען, וואס זייער גאנצער חטא איז געווען זייער שוואכקייט, אינבעהאלפענקייט, שלעכטע בעוואפענטקייט; אלע די, וואס האבען פערפלייצט ווי אן אוראגאן פרעמדע לענדער און געבראכען און געשטאכען אלין, וואס איז זיי געלעגען אויפ׳ן וועג; אלע־די, וואס זייער נאמען האט געקלונגען ווייט איבער די גרענעצען פון זייער לאנד אלס זיעגער און עראבערער, וועלכע האבען זיך דורכגעשלאגען א וועג מיט בלוט און פייער — אט די אלע האבען וויערע דורות געקרוינט מיט׳ן נאמען „העלדען" און געפלאכטען לארבער־קראנצען פאר זייערע קעפ.

שאפען ווערטען פון קולטור, ארבייט, לייסטונג, בויען נייע וועלטען פאר דער מענשהייט, ברענגען אויף דער וועלט א שפע פון גוטס, פראגרעס, פריידען און פאלקמענהייט, רוה פאר׳ן גוף און פאר׳ן נפש—אט דאס אלין האט מען בעטראכט אלס מינדערווערטיג, אלס נישטיג, אין פערגלייך מיט די העלדענטאטען פון הריגות, גרויזאמקייט, עראבערונג און צושטערונג.

מיר טרייסלען זיך אב פון די דאזיגע אלט־פרענקישע ווערט־שאצונגען, וועלכע האבען שוין פערלוירען זייער צויבער. מיר ווארפען אראב פון פיעדעסטאל יענע העלדען און שטעלען ארויף אויף זייער ארט די נייע שעפער פון קולטור, וועלכע זענען אליין דאס קווינטעסענץ פון קולטור.

אין פאנטעאן פון די דאזיגע נייע העלדען קומט אנ׳ארט אונזער ט ע א ד א ר  ה ע ר צ ל.

אַ נישט קלאָרען בעגריף, אַ שוואַכע אַהנונג האָט ער געהאַט פון יודישער קולטור: ער האָט געקאָנט זאָגאַר לייקענען אין איהר, נישט פערשטעהן זי;

אָבער ער איז אַליין געווען אַ טייל פון דער יודישער קולטור, דען ער האָט טויטע לעבעדיג געמאַכט;

ער איז אַריינגעקומען אין אַ וויסטען גאָרטען, און אומעטום, וואו ער האָט זיין פוס געשטעלט, האָט באַלד געשפּראָצט און געבליהט.

אָפטמאָל האָבען זיינע מעשים ניט געשטימט מיט זיינע כוונות; עס פלעגען זיך ביי איהם אָפטמאָל וועבען זעהר תמימות'דיגע געדאַנקען, געדאַנקען וואָס שטאַמען פון זיין ערציהונג, פון דער פרעמדער סביבה, אָבער די געדאַנקען פלעגען אַוועקפליהען און געבליבען איז די געוואַלדיגע, פערבאָרגענע קראַפט, וואָס קעהרט זיך אום שטענדיג צום מקור, ווי די טרויב צום וויינשטאָק, אַ קראַפט, וואָס שעפּט איהר חיונה פון דער ראַסע.

און אָט די דאָזיגע קראַפט האָט אויפגעהויבען די פאָהן פונ'ם צווייטען און צושפּרייטען פאָלק ישראל, אָט די קראַפט האָט אַריינגעגעבען לעבען אין דינגען געפּט אין די אויסגעטריקענטע ביינער, אויסגעמויערט פון איינצעלנע זאַמד-שטיינדעלעך אַ פּראַכטפולען בנין, וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען פון אחדות.

קאָן מען רעדען אויסדערצעהלען אַלצדינג, וואָס הערצל האָט אויפגעטהון? מען האָט פיעל געשריבען, פיעל דערצעהלט און סוף-כל-סוף האָט מען נאָך קוים ווי געריכט געזאָגט.

אָפטמאָל טראַכט איך מיר: אַלע נייע אייזענבאַהן-ביימער אין ארץ ישראל זענען זיין גן-עדן; אַלע הייזער, וואָס מיר האָבען געבויט, אַלע נייע קאָלאָניעס, אַלע אַרבייטער-הייזער — דאָס אַלץ זענען די שטיינער פון זיין מצבה. און אפשר איז עס נישט גענוי: אין פּראַקטישער קאָלאָניזאַציע האָבען מיר דאָך קנאַפּ-וואָס אויפגעטהון.

דאַכט זיך מיר אַנ'אַנדער מאָל: די באַנקען, דער נאַציאָנאַל-פאָנד, דער קאָנגרעס, די גאַנצע אָרגאַניזאַציע, די נייע-העברעאישע קולטור-אַרבייט אין ארץ ישראל, די גאַנצע אויפלעבונג.

אָבער אויך נישט דאָס איז דער עיקר-טעטיגקייט פון דער דאָזיגער הערליכער פערזענליכקייט.

נאָך זיין טויט האָט מיך אַרומגענומען אַ שרעקליכע פערצווייפלונג. געטראַכט האָב איך: מיר זענען פערלוירען... נאָר מיין שרעק איז געווען אומזיסט, מיינע השערות—פאַלשע.

איינס ווייס איך און געוואוסט האָב איך עס טאַקע באַלד נאָך זיין טויט: **אונזערע הערצער — דאָס זענען זיינע מצבות.**

און אָט וואָס מיר זעהען און זעהען וואָס אַ מאָל כולט־ער: נישט בלויז דידאָזיגע מצבות און נישט בלויז די בלומען, וואָס שפּראָצען גרויס פון זיי, נאָר אויך וויים, וויים פון זיין קבר, עפּעס ווי אָהן אַ שום שייכות צו איהם, בליהען און וואַקסען אַלערליי פלאַנצונגען, ווי די שטאָלצע פּאַלמען און די צעדער פון לבנון.

קיין מענש זאָל נישט וואַגען צו זאָגען: עס איז פאַרהאַן אַ ציוניזם פון „יזכור", פונקט ווי עס איז דאָ אַ יודישקייט פון „יזכור".

אָ, ניין! דער „יזכור" נאָך הערצלען איז נישט קיין פערצווייפלונג, נישט קיין מרויער, נאָר אַנ׳אויפמונטערונג צו מעשים, צום לעבען. מיר קומען צו מיט אונזער פאָהן צו דעם קבר, און ווען מיר עס רוהט דער גרעסטער פון אונז, מיר בויגען זי אַראָב אַ ווײַלע צום צייכען פון טרויער, און קעהרען זיך אום אין אונזער לאַגער.

און זאָלען די פאָהנען ווידער פלאַטערן מיט נייעם שטאָלץ, גרייט צו נייע נצחונות.



מיר זענען אַ נאַציע — צי מיר ווייסען עס אָדער נישט, צי מיר לייקענען עס אָדער נישט, צי מיר ווילען עס אָדער נישט.

* *
*

דאָס יודענטום איז אַ גרויסער לײַדענס־צענטר מיט אַבטיילונגען אין אַלע לענדער פון דער וועלט.

* *
*

מען האַסט אונז און מען פעראַכטעט אונז אַלץ־איינס: סיי פאַר אונזערע מעלות, סיי פאַר אונזערע חסרונות.

* *
*

מען וועט קריגען דרך־ארץ פאַר אונז ערשט דעמאָלט, ווען מיר וועלען האָבען — פונקט ווי אַנדערע פעלקער — אונזערען אַנ׳אייגענעם אידעאַל.

* *
*

מיר האָבען פאַטערלענדער — מיר האָבען אָבער נישט קיין חיים.

* *
*

(אַפאָריזמען פון ט. הערצל.)



משה סמילאַנסקי.

# רֶבּ יַעֲקֹב.

דער אַלטער רבי יעקב האָט ליעב געהאַט די קאָלאָניע, זיין אייניקעל, די יוגענד פון דער קאָלאָניע. נאָר אַממעהרסטען האָט ער ליעב געהאַט — הערצל'ען. פון דעם ערשטען טאָג, ווי ער האָט דערהערט זיין נאָמען, האָט ער איהם ליעב געקראָגען און מיט'ן גאַנצען לייב און לעבען זיך איהם איבערגעגעבען. אין גאַנץ ארץ־ישראל האָט נאָך הערצל געגנער. מ'האָט מורא פאַר זיין פאָליטיק — זי זאָל ניט שאַדען ברענגען פון די הויכע ספערען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. ר' יעקב אָבער רעדט וועגען הערצ'לען מיט בעגייסטערונג, ער מאַכט קבלה אויסרעכנונגען, וויל מיחס זיין צו הערצל'ען, די הייליגע נביאות און די סודות ורמזים פון די הייליגע ספרים וועגען גאולה, קין א. אז. וו. יעדען אָווענד, קומענדיג פון כרם, פרעג איך בעגעגענען ר' יעקב'ן שפּאַצירענדיג נעבען דער טהיר פון זיין קליינעם הייזעל, די הענד אויף הינטען פערלעגט, דעם יאַרמולקע אויפ'ן קאָפּ אַראָבגערוקט און מיט אַ שיינענדיגען בליק, — „ס'איז קלאָר ווי דער טאָג! ער איז בעשאַפען צו גרויסע מעשים, צו זאַכען וואָס מיר קאָנען אַפילו ניט פאָראויסזעהן"...

—וועד איז בעשאַפען? וועמען וועגען רעדט איהר עס? ר' יעקב האָט אויף מיר אַ וואָרף געטהון אַ שאַרפען אונצופרידענעם בליק, ווי ער וואָלט אין כעס זיין, וואָס איך בין אַזוי ניט פערשטענדיג.

— וואָס הייסט, וועגען וועמען? וועגען הערצלען!..

— אונזערע פיהרער, אונזערע טהוער האָבען אָבער מורא, ער זאָל ניט קאַליע מאַכען דאָרט אין סטאַמבול.

— שוטים! מענשען אָהן פערשטאַנד! צי קאָן ער קאַליע מאַכען? זיין יעדעס וואָרט איז דאָך שוין פון לאַנג פאָראויסגעזאָגט אין די ספרים. יעדע זאַך איז שוין לאַנג איבערגערעכענט און בעשטימט געוואָרען.

נײן — ער קאָן ניט קאַליע מאַכען!...

פון דעמאָלט אָן האָט ר' יעקב זיך גענומען פערטיידיגען הערצל'ען: אין גאַס, אין שוהל, אין הויז ביים יפו'ער רב, ביי דער יוגענד אויף די אָווענדען און אויף די בעראַטונגען פון די אַלטע.

אײן זאַך הערט מען נאָר פֿון איהם: הערצל!... הערצל... ער האָט װעגען איהם גערעדט, װי װעגען אײנעם װעלכען ער קען שױן פֿון גאַנץ לאַנג, גלײך װי איהם װאָלטען קלאָר אין דעטאַליך געװען די געדאַנקען הערצל׳ס, און װען עס האָבען זיך בעװיזען די ערשטע ידיעות װעגען הערצל׳ס ערפֿאָלגען, װעגען זײנע װיזיטען בײ פֿערשידענע הערשער, װעגען זײן בעקאַנטשאַפֿט מיט קײזער װילהעלם, — איז ר׳ יעקב׳ס גליק געװען ניט אָבצושאַצען.

— איך האָב דאָך געזאָגט: נאָר צו גרויסע זאַכען איז ער בעשאַפֿען, פֿאַר קיסרים זיך פֿאָרצושטעלען... צי האָט איהר געהערט, אַז אַ יוד זאָל אױפֿגענומען װערען בײ אַ קיסר אין מ׳זאָל זיך בעציהען צו איהם װי גלײכע צו אַ גלײכען?...

און אַז מיר האָבען זיך ערלױבט צו צװײפֿלען, אויב עס איז אין אַלגעמײן ריכטיג, אַז ער — הערצל, איז אױפֿגענומען געװאָרען בײ די קעניגען אַזױ הערצליך, האָט ר׳ יעקב אונז גלײך געצװאונגען צו ענט שװײגען װערען: פּושעי ישראל! זינדיגט ניט! איהר זענט מתחיבים בנפשכם!...

אײנמאָל אין אָװענד בעגעגען איך ר׳ יעקב׳ן. װי עס װײזט אויס האָט ער מיך ערװאַרטעט און פֿון זײן געזיכט האָט מען געקאָנט אַרויס־לעזען אַ שטאַרקע אינערליכע אויפֿרעגונג. — פֿערשטעהסטו מיך... איך האָב צו דיר אַ ביטע... דו װעסט דאָך מיך ניט אָבזאָגען?

— און װאָס געהט עס, ר׳ יעקב?

— מ׳דאַרף דאָס אויסבעסערן... דעם סטיל אַביסעל פֿערריכטען... ניט מעהר.

בײ די װערטער האָט ער פֿון קעשענע אַרויסגענומען אַ גרוים פּאַ־פּיר בעשריבען פֿון אַלע זײטען.—פֿערשטעהסטו מיך? דאָס איז אַ בריעף... זעהר װיכטיג...

— אָבער צו װעמען איז דער בריעף?

ר׳ יעקב איז אַביסעל צומישט געװאָרען און אַ װײלע געשװיגען.

— װעסטו קײנעם ניט דערצעהלען?... ס׳איז אַ סוד... דער בריעף איז... צו... צו... הערצל׳ען.

מיט גרוים מיה איז מיר אָנגעקומען דעם בריעף צו פֿערשטעהן און װאָס מעהר ר׳ יעקב האָט זיך בעמיהט מיר צו ערקלערען, אַלץ װעניגער האָב איך איהם פֿערשטאַנען.

— פֿערשטעהסט? מ׳דאַרף איהם מודיע זײן, אַז דער נצחון איז אויף זײן זײט,, אַלע זײנע שונאים װעלען פֿערשװאונדען װערען... מ׳דאַרף איהם אונטערגעבען מוט...

דעם אויסגעבעסערטען בריעף האָט ר׳ יעקב איבערגעשריבען אויף

ריין, דערביי נייע פּעהלערן געמאַכט, צוגעגעבען אייגענע בעמערקונגען און ענדליך אָבגעשיקט.
עס איז נישט אַדורך אַ וואָך, און ר׳ יעקב האָט אָנגעהויבען צו געהן אויף די פּאָסט און זיך צוגעהערט צו דעם אויסרופען פון די אַדרעסען.
— גאָט איז מיט אייך, ר׳ יעקב! — דער בריעף איז געווים נאָך אין וועג און איהר אייַלט זיך שוין און וואַרט שוין אָב אַ ענטפער!
מיינע ווערטער האָבען אָבער וועניג-וואָס געווירקט. — אַוודאי, דיר איז גרינג צו זאָגען...
ענדליך זענען זיינע ערוואַרטונגען ערפילט געוואָרען. אין יענעם אָווענד האָט אונזער קאָלאָניע אויפגעלעבט, עס האָט געטומעלט און גע-רוישט ווי נאָך קיינמאָל נישט. ר׳ יעקב איז געשטאַנען אויפ׳ן גאַס, ביי דער טהיר פון זיין הייזעל, אָהן אַ מאַנטעל: ער האָט זיך שוין געקליבען געהן שלאָפען, ווען מ׳האָט געבראַכט דעם בריעף. מיט ציטערענדיגע הענד האָט ער איהם געעפענט, געקוקט אויף דעם מיט לאַטייניש בוכשטאַבען פערשריבענעם פּאַפּיער-בויגען און אונטען: מיט ציונ׳ס גרוס, הרצל.. דער אונטערשריפט איז געווען מיט העבּרעאישע אותיות.
אַרום ר׳ יעקב׳ן האָט זיך פערזאַמעלט די גאַנצע קאָלאָניע.
— נו, זעהט איהר! הא, וואָס האָב איך אייך געזאָגט? — האָט ער זיך צו יעדען געווענדעט מיט אַ נצחון-טאָן, גלייך ווי עמיצער וואָלט איהם געזאָגט, אַז קיין ענטפער וועט נישט קומען.
עס האָט זיך באַלד געפונען איינער, וואָס לייענט דייטש. און ענט-פער האָט הערצל געדאַנקט ר׳ יעקב׳ן פאַר׳ן בריעף. דער אַלטער האָט, אינגאַנצען געציטערט... מיט גרויס מיה האָט ער זיך, ווי עס ווייזט אויס, איינגעהאַלטען ער זאָל זיך נישט פונאַנדערוויינען. און די אויגען זענען איהם טרעהרען געשטאַנען...
יענע גאַנצע נאַכט איז ביי ר׳ יעקב׳ן אין הויז ליכטיג געווען. דער אַלטער האָט קיין אויג נישט צוגעטהון. גאַנץ פריה איז ער פון הויז צו הויז געגאַנגען און אַלעמען דעם בריעף געוויזען:
— זעהט איהר?... מיט זיין אייגענער האַנד אונטערגעשריבען...
פאַרהאַן גרויסע אונענדליכע גליקען, וועלכע זענען פאַר דעם מענש בעהאַלטען און קומען גאַנץ אונערוואַרטעט. אַזאַ גליק איז אויך ר׳ יעקב׳ן בעשערט געוועזען.

---

ר׳ יעקב האָט זיך דער לעצטער דערוואוסט, אַז הערצל איז גע-קומען קיין ארץ-ישראל, און אַז מאָרגען וועט ער שוין זיין אין רחובות. די ידיעה האָט אויף ר׳ יעקב׳ן נישט געמאַכט דעם איינדרוק, וועלכען

מיד האָבען ערוואַרטעט: ער האָט זיך גאָרנישט דערפֿרעהט. פֿערקעהרט ער האָט זיך נאָר, דוכֿט זיך, עפּיס ווי דערשראָקען די אויגען זײַנע האָבען ווי גערעדט: „איך האָב געוואוסט, אַז ער וועט קומען, אָבער אַזוי גיך?" ער האָט זיך פֿערשפּאַרט בײַ זיך אין צימער, וועלכֿער איז געווען אַ גאַנצע נאַכֿט בעלויכֿטען און אין דער פֿריה האָב איך בעמערקט זײַן קלײַנע אײַנגעבויגענע פֿיגור, אין דער ריכֿטונג צו דער שוהל.

יענעם פֿריהמאָרגען איז איהם אויסגעקומען צו פֿיהרען אין שוהל אַ העפֿטיגען קאַמף.

— הײַנט דאַרף מען קײַן תחנון נישט זאָגען — האָט ער מודיע געווען.

— פֿאַרוואָס? — האָבען זיך געוואונדערט די מתפללים.

— איהר פֿרעגט פֿאַרוואָס? — איז ר׳ יעקב אין כעס געוואָרען.

— צי זענט איהר טויב, צי וואָס? הײַנט וועט דאָך הערצל קומען עס איז אַ יו״ט, איהר פֿערשטעהט?...

די מתפללים אָבער האָבען איהם נישט געהערט און ר׳ יעקב איז דעמאָנסטראַטיוו אַרויס פֿון שוהל און געזידעלט זיך, ווען מ׳האָט געזאָגט תחנון.

נאָכֿ׳ן דאַווענען האָט זיך ווידער צופֿלאַקערט אַ מחלוקת. די בעלי בתים און די גבאים פֿון דער קאָלאָניע האָבען בעשלאָסען צו בעגעגענען הערצל׳ען מיט ברויט און זאַלץ, ר׳ יעקב אָבער האָט געפֿאָדערט מ׳זאָל איהם אַנטקעגענגעהן מיט אַ ספר־תורה.

— וואָס איז ער: אַ מלך, אָדער אַ גרויסער רב? — האָט עמיצער אַ פֿרעג געטהון.

— פֿערמאָגען מיר דען אַ גרעסערן פֿון איהם? — האָט געענטפֿערט ר׳ יעקב — ער איז דאָך בײַ אונז במקום מלך... אַלע גדולי־התורה מוזען איהם געהאָרכֿזאַם זײַן...

דאָסמאָל האָט ר׳ יעקב געזיגט: מ׳האָט הערצל׳ען מיט ספרי־תורה בעגעגענט.

ענדליך האָט מען געגעבען דעם צייכֿען, מ׳זאָל זיך גרייטען צום קבלת־פּנים. ר׳ יעקב איז שנעל אַהיימגעלאָפֿען און אין אַ קורצע ווײַלע איז ער געווען אָנגעטהון אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, מיט אַ ברייטען גאַרטעל, אין אַ נײַער יאַרמולקע, מיט דעם שבת־דיגען שטרײַמעל. ער האָט אינגאַנצען געשײַנט,

אַ גוט־יום־טוב יודען! גוט־יום־טוב! — האָט ער זיך געווענדעט צו אַלעמען אויף דער גאַס, און אַלע, אַפּילו די גלײַכֿגילטיגע, האָבען גע־פֿיהלט, אַז ס׳איז אַ יום־טוב הײַנט, אַ גרויסער יו״ט.

הערצל׳ס קאַרעטע איז צוגעפֿאָהרען צו דער קאָלאָניע. מיר, די

ריטער, האָבען זיך אין צוויי רייהען אויסגעשטעלט און די קאַרעטע איז אין דערמיט אַרונבגעפאָהרען.

דאָ האָב איך בעמערקט ר׳ יעקב׳ן, וועלכער האָט זיך געמאַכט אַ וועג דורכ׳ן עולם און זיך אַוועקגעשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, וועלענדי וואָס בעסער בעטראַכטען הערצל׳ען.

ענדליך איז עס איהם געלונגען. און איך וועל אייביג נישט פער־געסען דעם אויסדרוק פון זיין פנים און זיינע ליכטיגע אויגען!...

עס איז געוועזען דער אויסדרוק פון אַ מענשען, וועמען עס איז בעשערט געוועזען, אויפ׳ן שוועל פון טויט, צו האָבען דאָס גליק, פון וועלכען ער האָט זיין גאַנץ לעבען געטרוימט און געהאָפט. אַזוי קוקט נור אַ מענש, וואָס האָט אַלעמאָל געזעהן דאָס טייערסטע נאָר אין חלום, און ענדליך האָט ער בעקומען די מעגליכקייט צו זעהן עס אויף דער וואָהר...

ווען די חשוב׳ע זקנים זענען, בעגריסענדיג דעם גאַסט אָבגעגאַנגען אַ ביסעל אָן אַ זייט, איז ר׳ יעקב צוגעגאַנגען צו הערצל׳ען, נישט דרייסט אויסגעשטרעקט איהם די האַנד און מיט אַ ציטערנדע, אָבער הויכע שטימע, ווי איינער מאַכט קידוש אָדער אַ ברכה אויף דער תורה, געזאָגט:

— ברוך אתה, ד׳... שהחינו, וקימנו, והגיענו לזמן הזה...

אַ הייליגער ציטער איז אַדורך אַלע אַנוועזענדע, מיר זענען גע־בליבען פערשטיינערט אויפ׳ן אָרט, נישט האָבענדיג קיין מוט צו שטער די הייליגע מינוט...



בלויז דאָס, וואָס מיר ווילען מהון פאַר דער מענשהייט אַלס יודען — יעקס איגו פערשאַפען כבוד.

* *

עס איז נישט גענוג דאָס, וואָס מיר פיהלען און אָנערקענען זיך אַלס פאָלק; נאָך דער תקופה פון פאָלקס־בעוואוסטזיין דאַרף אויך אויפוואַכען דער פאָלקס־רצון.

*
* *

דער ציוניזם — איז דאָס יודישע פאָלק אין וועג.

* *
*

דער ציוניזם — איז דאָס אומקעהרען זיך צום יודענטום, איידער מיר קעהרען זיך צוריק אין יודישען לאַנד.

(אַפאָריזמען פון טעאָדאָר הערצל.)

   

דוד פרישמאַן.

# טעאָדאָר הערצל.

(צו כ׳ תמוז).

... ווי אַ לעגענדע איז דאָס לעבען פונ׳ם דאָזיגען מענשען געוועזען. און ערצעהלען וועט און דער טונקעל-שעה די דאָזיגע לעגענדע די מאַמע דעם קינד, און אַ געשלעכט וועט זי ערצעהלען דעם געשלעכט.

און אַזוי פלוצלינג, ווי ער האָט זיך באַוויזען, אַזוי פלוצלינג איז ער פערשוואונדען. אויך דאָס איז דאָך פונקט ווי אין דער לעגענדע...

אַ גוטער מלאך איז ביי זיין וויעג געשטאַנען, און אַלע קערפערליכע און גייסטיגע זאַכען, וועלכע ווערען געוועהנליך געגעבען טויזענדער מענשען צוזאַמען, זיי האָט ער אַוועקגעגעבען דעם דאָזיגען איינעם. די צויבער-אויגען און די פראַכט-געשטאַלט, די זיסע ליפען און דאָס עדעלע און וויבע, די קראַפט פון פערשטאַנד און דאָס קינדער-האַרץ, דאָס גראָבע דענקען און די ריעזען-קראַפט, די פעהיגקייט צו חלום׳ען און דעם גרויסען בעגעהר צו בעשאַפען דאָס גרויסע, וואָס אַ מענש קאָן נישט בעשאַפען. און דאָס זיסע געלעכטערל האָט ער איהם געגעבען, צו געוועלטיגען און צו זיעגען, און אַ שטאַרקען ווילען האָט ער איהם געגעבען און די קונסט פון חן-געפינען ביי די גרויסע געטער און ביי מענשען—אַלע גאַבען פונ׳ם קערפער און פונ׳ם גייסט.

און אויך דעם טויט האָט ער איהם געגעבען—אַז קומען זאָל ער פלוצלינג און זאָל אויסגיסען אויף איהם דעם צויבער פון דער לעגענדע, גאום צו מאַכען דאָס געשטאַלט פונ׳ם העלד אַ פאָלקאָמענע.

דען געזאָגט האָט ער זיך: „דאָס, וואָס איז איהם נישט מעגליך געווען דורך זיין לעבען צו מאַכען, דאָס וועט אפשר מאַכען זיין טויט"..

 




ד״ר יהושע גאָטליבֿ.

# צי האָב איך הערצל׳ען געזעהן?

צי האָב איך הערצל געזעהן?

איך האָב נישט געהאַט די זכיה צו זעהן איהם מיט מיינע אויגען. פונדעסטוועגען דרעהט זיך מיר נישט די צונג צו זאָגען „ניין״, בעת מיינע יונגערע חברים שטעלען מיר אָט די דאָזיגע פראַגע.

איך האָב הערצל געזעהן, נישט מיט מיינע אויגען, נאָר מיט מיין גאַנצען וועזען, מיט גוף און נשמה.

איך בין געווען נאָך יונג, כמעט אַ קינד, בעת די נאַכריכט וועגען דעם מחבר פון „די יודישע מלוכה״ האָט זיך פערשפרייט איבער דער וועלט, אַרייננעדרונגען אין יעדען יודיש הויז, ווי אַ ליכטיגע בשורה, ווי אַ פרעהליכער אָנזאָג אויף בעפרייאונג, ערלייזונג.

דאָס צאַרטע, קינדערשע האַרץ איז שוין אין די ערשטע מאָרגענ-שטונדען פון לעבען, אין עלטער פון ערוואַרטונגען און האָפנונגען, געווען פערקלעמט, פערדריקט, פערפאָלגט פון אַ פינסטערן קאָשמאַר.

ווי שען און ווי רייצענד האָט זיך געמאָלט די וועלט פאַר מיין יונגען בליק. ווי אַ צויבערהאַפט מעשה׳לע, פול מיט סודות, האָט דאָס לעבען מיך גענאַרט צו זיך, גערופען, געוואונקען מיט טויזענדער אויגען.

אָבער שוין דעמאָלט איז דאָס יונגע געמיט געווען בעטריבט, פער-מרה-שחורה׳ט, פערניפטעט.

ביי אונז אין שטוב אויפ׳ן וואַנד איז געהאָנגען דאָס בילד „די אַנוסים אין שפאַניען״. וואָסער יוד האָט דאָס בילד נישט געזעהן: די תלינים פון דער אינקוויזיציע רייסען זיך אַריין אין דעם געהיימען קעלער, וואו אַ פאַמיליע אַנוסים ריכט אָב בסוד דעם סדר. שעה׳ן לאַנג פלעג איך קוקען אויף די טויט-איבערגעשראָקענע געזיכטער פון די דערטאַפטע „פערברעכער״, ביז עס פלעגט מיר אָנהויבען שטיקען אין האַלז און די קינדערשע הענטלעך פלעגען זיך צונויפקניקלען אין פויסטען...

איהר פערשטעהט, וואָס דאָס בעדייט! אויפ׳ן שוועל פון לעבען זאַפט איין די וויכע, אונרייפע קינדערשע נשמה די גאַנצע ביטערקייט פון כעס און גרימצאָרן, פון פערצווייפלונג און נקמה-דורשט.

וואָס פֿאַר אַ שרעקליכע טאַנטאַלים־יסורים פֿאַר אַ קינדערשען גייסט. וויסטע גרויזאַמע טייוולאָנים שטעהען ביי דער טיהר פֿון אַ גן־עדן און פֿערצוימען דעם וועג, לאָזען נישט אַריין... און דער גאָרטען איז אַזוי שען און העררליך און טויזענדער אויגען ווינקען און רופֿען...

דאַן איז געקומען די בשורה פֿונ׳ם ציוניזם, פֿונ׳ם קאָנגרעס, פֿון דער נאָהנטער גאולה, פֿון הערצל. דאָס קינדערשע מוח׳ל האָט זיך גאָרניט געקאָנט פֿינאַנדערקלויבען אין די לאָגישע בעווייזען, אין די רעדעס און פּראָגראַמען, איהם האָט צוגעצויגען און פֿערכישופֿ׳ט דער לעבעדיגער מיטעל־פּונקט פֿון דער נייער ערשיינונג, די פּערזענליכקייט, טעאָדאָר הערצל.

איך געדענק נישט, ווען איך האָב צום ערשטען מאָל זיין נאָמען געהערט, זיין בילד געזעהן.

איך געדענק בלויז, אַז דער צויבער פֿון הערצל׳ס לעגענדאַרישער פּערזענליכקייט האָט מיין גאַנצעס וועזען אָנגעפֿילט, בעהערשט דעם מוח, בעצוואונגען דאָס האַרץ, אויסגעמישט זיך מיט׳ן בלוט, צוגאָסען זיך אין אַלע אָדערען.

דאָס איז געווען אַ בעגייסטערונג, אַ בעגליקונג! דער שאָטען פֿון די שפּאַנישע אנוסים האָט זיך אָבגערוקט ווייט אין דער היסטאָרישער פֿערגאַנגענהייט, פֿערשוואונדען איז אויך דער בעס און די פֿערצווייפֿלונג און די טייוולאָנים ביי דער טיהר פֿונ׳ם וואונדערליכען גאָרטען וואַרפֿען אויף מיר שוין קיין פחד נישט מעהר.

איך האָב הערצל׳ן געזעהן. נישט דאָס מענשליכע אין איהם, נאָר דאָס איבערמענשליכע...

ווי אַ גוטער מלאך האָט דער געדאַנק וועגען הערצל מיך תמיד בעגלייט, נישט אָבגעטראָטען אַ רגע פֿון מיין בעוואוסטזיין. און אַ געטרייער פֿיהרער איז ער מיר געווען, שטענדיג דערמונטערט, שטענדיג בעגייסטערט: פֿאָראויס, נאָר פֿאָראויס! די וועלט איז שען און רייצענד און די טויערען זענען פֿריי און אָפֿען, אַבי נאָר מוטיג פֿאָראויס!

ווען איהר ווילט
איז עס נישט קיין באָבא־מעשה.

איך האָב נישט געהאַט די זכיה צו זעהן הערצל מיט מיינע אויגען, אָבער איך האָב איהם געזעהן מיט מיין גאַנצען וועזען, מיט גוף און נשמה.

און מיט מיין גאַנצען וועזען זעה איך איהם אויך אַצינד און קיינער וועט די פּראַכטפֿולע געשטאַלט נישט אַרויסרייסען פֿון מיין בעוואוסטזיין, קיינער נישט...





טעאָדאָר הערצל.

# אויטאָביאָגראַפיע.

איך בין געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1860 אין בודאַפּעסט, נישט ווייט פון דער סינאַגאָגע, אין וועלכער דער ראַבינער האָט מיר אָט דאָ נישט לאַנג מוסר געזאָגט מיט די שאַרפסטע ווערטער דערפאַר, וואָס עס איז מיר איינגעפאַלען צו דערשלאָגען זיך פאַר יודען אביסעל מעהר כבוד און מעהר פרייהייט, ווי זיי האָבען עס פערמאָגט ביז איצט. אָבער אויף דער טהיר פונ'ם הויז אויף דער טאַבאַק-גאַס, וואו איך האָב דערזעהן דעם שיין פון דער וועלט, וועט אין 20 יאָהר אַרום העגגען אַ טאָוועל מיט דער אויפשריפט: „צו פערדינגען"...

אַוודאי בין איך געגאַנגען אין אַ שולע. תחילת האָט מען מיך אָבגעגעבען אין אַ יודישער אָנפאַנגס-שולע און איך האָב זיך געפונען אין א גליקליכער לאַגע פון „אַ נגיד'ס אַ יונגעל". מיינע ערשטע זכרונות פון דער דאָזיגער שולע זענען פערבונדען מיט די קלעפּ, וואָס איך האָב געקראָגען פאַר נישט וויסען די איינצעלהייטען פון יציאת-מצרים. ביי היינטיגען טאָג וואָלטען אַסך לעהרער געוועזען בעלנים מיך מכבד זיין מיט קלעפּ; דערפאַר, וואָס איך דערמאָהן שוין צופיעל אָט דיזעלבע יציאת-מצרים. צו צעהן יאָהר בין איך אָנגעקומען אין אַ רעאַל-שולע, וואו דער עיקר לימוד זענען מאָדערנע וויסענשאַפטען, נישט ווי אין גימנאַזיע, וואו די אַלטע קלאַסישע שפּראַכען פערנעהמען דעם אויבענאָן. לעסעפּס איז דעמאָלט געוועזען דער העלד פון טאָג און איך האָב מיך אַרומגעטראָגען מיט'ן פּלאַן דורכצוגראָבען אַ צווייטען קאַנאַל, דורכ'ן ערד-פּאַס פאַנאַמאַ. איך האָב אָבער גיך פערלוירען מיין התמדה צו לאָגאַריטמען און טריגאָנאָמעטריע, מחמת אין רעאַל-שולע האָט געהערשט אַ שאַרפער אַנטיסעמיטישער גייסט. איינער פון אונזערע לעהרער האָט אָבגעטייטשט דאָס וואָרט „נעצענדינער" און געזאָגט, אַז דאָס מיינט מען „מחמר'אַנער און יודען", אַזאַ משונה'דיגען פירוש איז מיר די רעאַל-שולע נמאס געוואָרען און מיך האָט אָנגעהויבען ציהען צו אַ קלאַסישער גימנאַזיע. מיין גוטער פאָטער

האָט מיר קײַנמאָל ניט געזאָגט קיין דעה, וועלכע למודים איך זאָל מיר אויסקלײַבן, און אַזוי אַרום בין איך געוואָרן אַ תלמיד פון גימנאַזיע. אָבער פון מײַן פּראָיעקט פון אַ פּאַנאַמאַ-קאַנאַל איז מיר אַפּנים ניט בעשערט געווען אָבצושעפּן זיך. אַסך יאָהרען שפּעטער איז אויף מיר אַלס אויפ'ן קאָרעספּאָנדענט פון „נײַע פרײַע פּרעסע" געלעגען די שליחות צו שרײַבן וועגען די שענדליכע געשעהענישען פונ'ם דאָזיגען סקאַנדאַליסטישען עפּיזאָד אין דער פראַנצויזישער געשיכטע.

אין דער „קריטשליכער גימנאַזיע" זענען דער רוב שילער געווען יודען און מהאי-טעמא האָט מען אונז אַלס יודען ניט גערודפ'ט. אין זיבענטען קלאַס האָב איך אָנגעשריבען מײַן ערשטען צײַטונגס-אַרטיקעל, פערשטעדט זיך אָהן מײַן אונטערשריפט, אַנדערש וואָלט מען מיך אַרײַנגעזעצט אין שולע-קאַרצער. בעת איך בין געווען אין לעצטען קלאַס, איז מיר אומגעקומען מײַן אײנציגע שוועסטער, אַ מײדעל פון 18 יאָהר. מײַן ליעבע מוטער איז אַזוי געווען דערשלאָגען פונ'ם אומגליק, אַז מיר זענען אין יאָהר 1878 איבערגעפאָהרען קיין ווין.

בעת מיר זענען געזעסען שבעה איז אונז געקומען מנחם אבל זײַן דער ראַבינער קאָהן, וועלכער האָט מיך אגב געפרעגט, וואָס האָב איך בדעה צו טהון אין דער צוקונפט. איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל ווערען אַ שרײַבער; דער רב האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ פון אונצופרידענהײַט. שפּעטער האָט ער אויך אַזוי געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ צוליעב מײַן ציוניזם.

— שרײַבערײַ איז ניט קיין פּראָפעסיע — האָט דער ראַבינער אָבגעפּסק'ענט מיט אַ זויערער מינע.

אין ווין האָב איך שטודירט יוריספּרודענץ, געווען אַזאַ קונדס ווי אַלע סטודענטען און געטראָגען דאָס פאַרביגע היטעל פון אַ קאָרפּאָראַציע, ביז זי האָט אין אַ שענעם פריהמאָרגען אָנגענומען אַ בעשלוס, אַז פון הײַנט אָן קאָנען יודען ניט אָנגענומען ווערען אַלס מיטגלידער. אוודאי איז מען געווען אַזוי פרײַנדליך, און די יודען, וואָס זענען שוין געווען פון פריהער מיטגלידער ערלויבט צו בלײַבען אויף ווײַטער. איך האָב מיך אָבער פײַן אָבגעזעגענט מיט מײַנע אײדעלע חברים און גענומען זיך צו דער אַרבײַט. אין יאָהר 1884 בין איך שוין געווען דאָקטאָר פון רעכטס-וויסענשאַפט און בין אָנגעקומען אויף געריכטליכע פּראַקטיקע, אַלס בעאַמטער אָהן געהאַלט, אונטער דער לײַטונג פון אַ ריכטער. איך האָב פּראַקטיקירט בײַם געריכט אין ווין און אין זאַלצבורג. אין זאַלצבורג האָט בײַ מיר די אַרבײַט געהאַט אַ בעזונדערען חן: די געגענד אַרום שטאָדט איז, ווי בעוואוסט, זעהר אַ שענע. מײַן קאַנצעלאַריע איז געווען אין אַן אַלטען שלאָס, האַרט בײַם גלאָקען-טורם און דרײַ מאָל אַ טאָג האָט מיר אַרײַנגעקלונגען אין די אויערען...

אַוודאי האָב איך געשריבען [illegible] טעאַטער ווי פאַרין נ[illegible]
אין זאַלצבורג האָב איך איבערגעלעבט עטליכע פון די גליקל[illegible]
שטונדען אין מיין לעבען. איך וואָלט זעהר גערן געבליבען אי[illegible]
דאָזיגער שענער שטאָדט, נאָר אַלס יוד וואָלט איך זיך קיינמאָל [illegible]
דערשלאָגען צו דער שטעלע פון אַריכטער. האָב איך מיך אָבגעזע[illegible]
מיט זאַלצבורג און מיט דער גאַנצער יוריסטישער חכמה.

דער בודאַפּעשטער ראַבינער האָט ווייטער געהאַט פון מי[illegible]
ענמ[illegible]פש: אָנשטאָט צו נעהמען זיך עפּעס צו אַ ריכטיגער פּראָפ[illegible]
האָב איך אַרומגערייזט און געשריבען פאַרין טעאַטער און פאַר צייטונ[illegible]
אַסך פון מיינע דראַמען זענען אויפגעפיהרט געוואָרען אין פערש[illegible]
טעאַטערס: איינינע האָבען געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג, אַנדערע זי[illegible]
דורכגעפאַלען. עד-היום פערשטעה איך נישט, פאַרוואָס האָבען אי[illegible]
מיינע פיעסען געהאַט ערפאָלג, אַנדערע-נישט. יעדענפאַלס, האָט מיך ד[illegible]
דאָזיגער אונטערשייד אויסגעלערנט בכלל נישט נתפעל צו ווערען, [illegible]
דאָס פּובליקום פּאַטשט בראַוואָ, אָדער פייפט-אויס מיין ווערק. מען דא[illegible]
אַליין זיין אַ מבין, און ווייטער גאָרנישט. איך אַליין האַלט נישט אַצינד
פון מיינע פיעסען, אַפילו פון די, וואָס האָבען עד היום ערפאָלג אין
ווינער קייזערליכען בורג-טעאַטער און איך אינטערעסיר מיך מעהר
נישט מיט זיי.

אין יאָהר 1889 האָב איך חתונה געהאַט. איך האָב דריי קינדער:
איין זוהן מיט צוויי טעכטער. לויט ווי מיר דאַכט זיך, זענען מיינע
קינדער נישט קיין מיאוס'ע און נישט קיין נאַרישע. אָבער עס קאָן זיין,
אַז איך האָב אַ טעות.

בעת איך בין געווען אויף אַ רייזע אין שפּאַניען אין יאָהר 1891
האָט מיר די ווינער צייטונג „נייע פריייע פרעסע" פאָרגעלעגט צו ווערען
איהר קאָרעספּאָנדענט אין פּאַריז. איך האָב די שטעלע אָנגענומען, הגם
איך האָב ביז דעמאָלט פיינד געהאַט פּאָליטיק און געפיהלט דערצו
אַנ'עקעל. אין פּאַריז האָב איך געהאַט די געלעגענהייט געוואָהר צו
ווערען, וואָס עס איז אַזוינס פּאָליטיק, און מיינע אַנשויאונגען האָב איך
אַרויסגעזאָגט אין'ם קליינעם ביכעל „פּאַלייז בורבאָן". אין יאָהר 1895
האָט זיך מיר פּאַריז צוגעגעסען, און איך האָב זיך אומגעקעהרט קיין
וויען.

אין די לעצטע צוויי חדשים, וואָס איך האָב געוואוינט אין פּאַריז,
האָב איך אָנגעשריבען דאָס בוך „די יודישע מלוכה", איך געדענק נישט,
אַז איך זאָל האָבען עפּעס אַנדערש געשריבען אין אַזאַ געהויבענער
שטימונג, ווי דאָסדאָזיגע בוך. הײנריך הײנע זאָגט, אַז בעת ער האָט
געשריבען געוויסע שורות פון זיין דיכטונג, האָט ער געהערט, ווי אַגי-

אַדלער פליהט איבער זײַן קאָפּ. מיר האָט זיך אויך געדאַכט, אַז עפּעס רישט איבער מײַן קאָפּ, בעת איך האָב דאָס בוך געשריבען. איך האָב געאַרבײַט איבער איהם טעגליך, ביז צו מיעד ווערען; מײַן אײַנציגע פערווײַלונג האָב איך געהאַט אין די אָוונדען — וואַגנערס מוזיק, איבערהויפּט די אָפּערע „טאַנהײַזער״, וועלכע איך האָב קײַן אײַנציג מאָל נישט דורכגעלאָזט. אין די אָוונדען, ווען ס׳איז קײַן אָפּערע נישט געשפּיעלט געוואָרען, פלעג איך אַרײַנפאַלען אין אַ שטיקעל ספק מכוח די ריכטיגקײַט פון מײַנע געדאַנקען.

לכתחילה איז בײַ מיר געווען אַ פּלאַן, אַז דאָס דאָזיגע קלײַנע ווערקעל וועגען דער לעזונג פון דער יודישער פראַגע זאָל אַרומצירקולירען אויף אַ פּריוואַטען אופן צווישען מײַנע פרײַנד. ערשט שפּעטער איז מיר אַרויף אויפ׳ן רעיון צו פערעפענטליכען מײַנע אַנשויאונגען; איך האָב נישט געהאַט בדעה צו פערנעהמען זיך פערזענליך מיט דער אַגיטאַציע לטובת די יודישע ענינים. דער רוב לעזער וועט זיך אוודאי חידוש׳ען, וואָס איך האָב זיך אַזוי בעצויגען צו דער זאַך. איך האָב געהאַט אַזאַ קוק אויף די גאַנצע געשיכטע, אַז מען דאַרף עפּעס אויפטהון, נישט זיך חקירה׳ן. אויף אַן׳עפענטליכע אַגיטאַציע האָב איך געקוקט, ווי אויף דאָס לעצטע מיטעל, מיט וועלכען איך וועל מיך מוזען בעדיענען, אויב מײַן פּ־יוואַטע עצה וועט נישט געפינען קײַן אָבקלאַנג, וועט נישט פערווירקליכט ווערען.

אַז איך האָב געהאַט געענדיגט דאָס בוך, האָב איך געבעטען אײַנעם פון מײַנע עלטסטע און בעסטע פרײַנד דורכצוקוקען דעם מאַנוסקריפּט. לײַענענדיג האָט ער אַ געשרײַ געטהון. פאַר מיר איז דאָס קײַן חידוש נישט געווען, דען ער איז געווען אַ יוד: איך פלעג אויך, בשעת איך האָב געשריבען, נישט אײַנמאָל הויך אַ געשרײַ טהון.

ער האָט מיך אָבער ענטטוישט, דען ער האָט געמײַנט עפּעס אַנדערש. ער האָט מיך געוואָלט איבערצײַגען, אַז איך בין אראָב פון זינען און אַלס מײַנער אַ פרײַנד, האָט איהם זעהר וועה געטהון, וואָס עס האָט מיר געטראָפען אַזאַ אומגליק. ער איז אַנטלאָפען פון מיר און מעהר קײַן וואָרט נישט—געזאָגט. נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט איז ער ווידער געקומען און געפאָדערט, אַז איך זאָל מיר אַרויסשלאָגען פון קאָפּ די נאַרישקײַטען, אויב נישט איז אַ סכנה, אַז מען וועט מיך האַלטען פאַר אַ משוגע׳נעם. ער איז געווען אַזוי אויפגערעגט, אַז איך האָב איהם געמוזט צוזאָגען, וואָס ער האָט געוואָלט, אַבי ער זאָל זיך בערוהיגען. נאָכדעם האָט ער מיר געראַטען צו פרעגען אַ מײַנונג בײַ מאַקס נאָרדוי, צי קאָן מען בעטראַכטען מײַן פּלאַן אַלס אַ פּראָדוקט פון אַ נאָרמאַלען מענש. „איך וועל קײַנעם נישט פרעגען, — האָב איך געענטפערט. — ווײַבאַלד מײַנע געדאַנ-

קען מאַכֿען אַזאַ אײַנדרוק אויף אַנ'אויפֿגעקלערטען מענש און אַנ'איבערי־
געגעבענעם פֿרײַנד, זאָג איך זיך אָב פֿונ'ם גאַנצען פּלאַן. דאַן איז מיר
אויסגעקומען איבערצולעבען זעהר אַ שווערען קריזיס. איך קאָן עס פֿערי
גלײַכֿען בלויז מיט אַנ'אָנגעגליהטען קערפּער, וועלכֿען מען וואַרפֿט אַרײַן
אין קאַלטען וואַסער. איז דער קערפּער, צופֿעליג, אײַזען — ווערט ווערען
פֿון איהם שטאָל. אָט דער פֿרײַנד, וועגען וועלכֿען איך דערצעהל, האָט
מיר אַ מאָל געהאָלפֿען אויפֿרעכֿענען אַ חשבון פֿון הוצאות אויף טעלעגראַ־
מען, וועלכֿער איז בעשטאַנען פֿון אַ לאַנגע רײַהע ציפֿער. אַז ער האָט
מיר צוגעטראָגען די אונטערשטע שורה, האָב איך גלײַך בעמערקט, אַז
ער האָט געמאַכֿט אַ טעות אין אויפֿציהען דעם סך־הכל. איך האָב איהם
דערויף אויפֿמערקזאַם געמאַכֿט. ער האָט גערעכֿענט נאָך אַמאָל און ווידער
אַמאָל און ערשט צום דריטען אָדער צום פֿירטען מאָל האָט זײַן סך־
הכל געשטימט מיט מײַנעם. אָט דער אונבעדײַטענדער עפּיזאָד האָט מיר
אומגעקעהרט דעם גלויבען אין זיך. איך בין דאָך געווען אימשטאַנד צו
רעכֿענען בעסער ווי ער; דערפֿון האָב איך געדרונגען, אַז מײַן שכל איז
נאָך אין אָרדנונג.

פֿון יענעם טאָג אָן האָב איך אָנגעהויבען טראַכֿטען וועגען אַ
יודישער מלוכה. אין משך פֿון די קומענדיגע יאָהרען האָב איך אַדורכגע־
לעבט אַסך, אַ סך טרויעריגע טעג, און איך האָב מורא, אַז נאָך מעהר
טרויעריגע טעג ערוואַרטען מיר אין דער צוקונפֿט. אין יאָהר 1895 האָב
איך אָנגעהויבען פֿיהרען אַ טאָגבוך; בײַ הײַנטיגען טאָג זענען שוין פֿער־
שריבען פֿיער דיקע בענדער. אויב איך וועל זיי אַמאָל פֿערעפֿענטליכֿע
פֿאַר'ן ברייטען עולם, וועט די וועלט נשתומם ווערען, דערוויסענדיג זיך
וואָס אַזוינס איך האָב געמוזט איבערלעבען, ווער עס זענען געווען די
שונאים פֿון מײַן פּלאַן און ווער עס האָט מיר מיטגעהאָלפֿען.

איינס איז בײַ מיר קלאָר. די בעוועגונג וועט האָבען אין זיך פֿיעל
לעבען. איך ווייס נישט ווען, איך וועל שטאַרבען, אָבער דער ציוניזם
וועט נישט שטאַרבען. זינט די באַזעלער קאָנגרעסען האָט דאָס יודישע
פֿאָלק ווידער אַ פֿאָלקס־פֿערטרעטונג; שפּעטער וועט געשאַפֿען ווערען די
יודישע מלוכה" אין זײַן אייגענעם לאַנד. איך אַרבייט אַצינד איבער דער
שאַפֿונג פֿון אַ באַנק און איך האָף, אַז זי וועט האָבען פּונקט אַזאַ
גרויסען ערפֿאָלג ווי דער קאָנגרעס.



# אַפאָריזמען פון טעאָדאָר הערצל.

יענע, וואָס פאָדערען שנעלע ערפאָלגען—זאָלען זיך דערווייטערן פון אונז.

* *
*

אין אַ לאַנד פאַר יודען נויטיגט זיך די גאַנצע וועלט, וכבן—מוז עס געשאַפען ווערען.

* *
*

דער ציוניזם איז נישט, ווי מען מיינט, בלויז אַ טרויעריגע נויטווענדיגקייט — ער איז אַן ערהאַבענער אידעאַל.

* *
*

וואָס איז אַזוינס אַ מלוכה? — אַ גרויסע קאָלאָניע.
און אַ קאָלאָניע? — אַ קליין מלוכה'לע.

* *
*

געבען נדבות — הייסט נאָך נישט העלפען; פילאַנטראָפיע — דאָס איז אַ קייט, וואָס פעראייניגט אונטערטעניגע גבירים מיט אַרבייטסלאָזע קבצנים; אָבער די ביידע קאַטעגאָריעס זענען נאָך נישט דאָס יודישע פאָלק.

* *
*

אונזער פאָלקס-זאַך איז צו גרויס פאַר דער אַמביציע און רצון פון איין פערזענליכקייט; כדי זיך צו זיכערען דעם ערפאָלג — מוז עס זיין אונפערזענליך.

* *
*

יציאת-מצרים דערמאָהנט אונזער צוקונפטיגע איבערוואַנדערונג — ווי שענע אַלטע מוזק אין אַ מאָדערנער אָפּערע.

* *
*

קיין פאָלק אויף דער וועלט וועט נישט וועלען און נישט קאָנען ברענגען פאַר פּאַלעסטינאַ אַזוי פיעל קרבנות, וויפיעל ס'וועט ברענגען דאָס יודישע פאָלק פאַר ארץ־ישראל.

* *
*

מיר דאַרפען זייען פאַר אונזער צוקונפטיגען דור, פונקט אַזוי ווי אונזערע זיידעס האָבען געשאַפען פאַר אונז דאָס טראַדיציאָנעלע יודענטום.

* *
*

ווער ס'קאָן, וויל אָדער מוז אונטערגעהן — זאָל אונטערגעהן; נאָר די אינדיווידואַליטעט פון יודענטום קאָן נישט, וויל נישט און טאָר נישט אונטערגעהן.

*
* *

אַלטע אַרעסטאַנטען גלוסט זיך נישט צו פערלאָזען די טורמע.

* *
*

מיר פערליערען די, אין וועלכע מיר פערליערען קנאַפּ־וואָס...

* *
*

גאַנצע צווייגען פון יודענטום קאָנען פערדאַרט ווערען און אָפּ־פאַלען — דער בוים אָבער לעבט און וועט לעבען.

* *
*

אונזערע ליידען אין משך פון אַסך יאָהרהונדערטען וואָלטען קיין שום זין נישט געהאַט, ווען מיר וואָלטען זיי איבערגעטראָגען אָהן דער האָפ־נונג, ווידער אויפצובויען דאָס יודישע לאַנד.

*
* *

דער סאָציאַלער קאַמף וועט זיך קודם־כל אָברופען אויף אונזערע רוקענס, ווייל סיי אין דער דעמאָקראַטישער, סיי אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט פערנעהמען מיר די פאָדערשטע פּאָזיציעס.

* *
*

אין אָנפאַנג איז געווען די אידעע, נישט דאָס געלד. — כדי מען זאָל קאָנען פערטראָגען דאָס לעבען — דאַרפען די אינטעליגענטען האָבען אַ אידעע און די פשוט'ע מענשען — אַ געפיהל.

* *
*

...ין יענעם טאָג, ווען דער אַקער וועט זיך ווידער געפינען אין
...עסטע הענד פון יודישען פויער — וועט די יורען=פראַגע געלעזט
...גן.

*   *
*

לאַנג איז געווען דער וועג פון קאָלומבוס. אויפ'ן שיף זענען ענדליך
...ויבראָכען שאַרפע סיכסוכים. — צו וואָס דאַרפען מיר דאָס אונבעקאַנטע
– האָבען זיך די מאַטר...ען בעקלאָגט, — אָהן דעם איז נאָך דאָ
...ייער פלאַץ אויף דעם כדור=הארץ...
...נאר... ...האָט זיך דערהערט פון זעגעל = בוים אַנ'אויסגע-
...האָבען אַלע, וואָס זענען געוועזן אויף דעם שיף,
...און זיך געוואָרפען איינער דעם צווייטען אין די
...י איז געווען: „ע ר ד"!! —
...אויף אונזער שיף אונפערמיידליך סיכסוכים און
...שיף נעהט פאָרווערטס און אַלע קריגעריייען וועלען
...אין דעם מאָמענט, ווען אויפ'ן האָריזאָנט וועט זיך ענד-
...שע געווינשטע הים.

